# אַלוּנְג אוּנ לֶעבֶּער

## אָדֶער

## דִיא אֵשֶׁת-אִישׁ'נִיצֶע

אַמַעֲשֶׂה פוּן דֶער פֶערְגַאנְגֶענְהַייט

פוּן

נ. מ. שייקעוויטש שמ״ר

ווילנא

שנת תרנ״ו לפ״ק

---

ЗАМУЖНАЯ.

Разсказъ изъ темной старины.

Н. М. Шайкевича.

Съ Виленскаго изданія 1889 г. безъ перемѣнъ.

Соб. изд. Л. Л. Маца.

.................

ВИЛЬНА.

Въ типографіи Л. Л. Маца, на Квасномъ переулкѣ, домъ № 11⁹⁵/₆

1896 г.

## א.

## דִיא אַמָאהלִיגֶע מַלְכָּה.

נָאךְ שְׁטֵייט פַאר מַיינֶע אויגֶען דִיא שְׁרֶעקְלִיכָע סְצֶענֶע ווִיא יענקעלע קנֵיידעל מִיט קלמענקע קִישקע דִיא בֵּיידֶע קָהָלְשֶׁע שַׁמָשִׂים הָאבֶּען זִיא אוּנְטֶער דִיא הֶענְד גֶעשְׁלֶעפְּט, פְּרִיהֶער אִיז גֶענַאנְגֶען חאצקעלע דֶער פּוִיקֶער אוּנ הָאט מִיט אַלֶע כוחות אוּנ מִיט גְרוֹיס שִׂמְחָה גֶעפּוִיקְט, אוּנ הִינְטֶער זִייא זַיינֶען נָאךְ גֶעלָאפֶען אַלֶע נְפָשׁוֹת פוּן דֶעם שְׁטֶעדְטִל עֶפּוּשְׁקֶע אוּנ הָאבֶּען פֶּערְגֶענִיגְט גֶעשְׁרִיעֶן אֵשֶׁת אִישְׁנִיצֶע! חְצוּפִּישְׁצֶע! מלכהלע דִיא כָּלְבּוֹינִיצֶע! אַנְדֶערֶע הָאבִּין זִיא אוֹיךְ מִיט שְׁטֵיינֶער אוּנ מִיט בְּלָאטֶע גֶעוָוארְפֶען.

אוּנ זִיא?

מִיר גֵייט נָאךְ יֶעצְט אַשׁוִידֶער אִיבֶּער אַלֶע מַיינֶע גְלִידֶער אַלְס אִיךְ דֶער מְאהן/מִיךְ ווִיא זִיא הָאט אוֹיס גִיזֶעהֶען אִין דֶעם לוּנְג אוּנ לֶעבֶּער וָואס אִיז אִיהר גֶעהַאנְגֶען אוֹיפִּין הַאלְז, דָאס פָּנִים וָועלְכֶעס הָאט מִיט צְוַוייא יָאהר צוּרִיק גֶעלוֹיכְטֶען ווִיא דִיא זָאנֶע וַואר יֶעצְט גֶעל ווִיא וַואקְס. דִיא אויגֶען הָאבֶּען עֶפֶּעס גֶעקוּקְט אַזוֹי מְשׁוּנֶה ווִילְד אַז אִיךְ הָאב מִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען אוּנ הָאב זִיךְ הַאלְטֶענְדִיג אָן דֶער מַאמֶעס פַארְטוּךְ, אָנְגֶעהֵייבֶּען שְׁטַארְק צוּ וַויינֶען.

מַאמוּנְיָא! — הָאב אִיךְ ווֵיינֶענְד גֶעשְׁרִיעֶן — וָואס הָאט מֶען צוּ מלכהן? פַאר וָואס מוּטְשֶׁעט מֶען זִיא אַזוֹי?

שַׁא נַארִישׁ קִינְד! — הָאט מַיין מוּטֶער גִיעֶנְטְפֶערְט — דָאס שְׁטְרָאפְט מֶען אִיהר דֶער פַאר וָואס זִיא הָאט גֶעטָאהן אַיין עֲבֵירָה. אַז דוּא וָועסְט טָאהן אַיין עֲבֵירָה, וָועט מֶען דִיךְ אוֹיךְ אַזוֹי שְׁטְרָאפֶען, אוּנ דָארְט אִין הִימֶעל וָועט נָאךְ גָאט בֶּעזוּנְדֶער שְׁמֵייסֶען מִיט אַייזֶערְנֶע רִיטֶער.

(לונג אונ לעבער) דער

דֶער תִּירוּץ אִיז פַאר מִיר גֶענוּג גִיוֶועזֶען אִיךְ זָאל פַאר שְׁטֵיין פַאר וָואס מִיט טוֹהְט מלכהן אַזֶעלְכֶע יְסוּרִים אָן. דֶען זִיא הָאט גֶעטָאהן אַגְרוֹיסֶע עֲבֵירָה. וָואס וַואר דָאס פַאר אַיין עֲבֵירָה? אוּנ וֶוער דָאס הָאט גֶעהֵייסֶען מִיא זָאל זִיא אַזוֹי שְׁטְרָאפְּפֶען? דָאס הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעפְרֶעגְט אוּנ מִיר אִיז גָאר נִיט אַיין גֶעפַאלֶען דֶער גֶעדַאנְק אִיךְ זָאל וֶוענֶען דֶעם פְרֶעגֶען.

עֶרְשְׁט שְׁפֶּעטֶער אַז אִיךְ בִּין שָׁאן גִיוֶועזֶען אַגְרוֹיסֶער בָּחוּר הָאבּ אִיךְ רִיכְטִיג פֶערְשְׁטַאנֶען דִיא גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע אוּנ אִיךְ גִיבּ זִיא דָא אִיבֶּער פַאר מַיינֶע לֶעזֶער:

מלכה אִיז גִיוֶועזֶען רבי יצחק דֶעם שׁוּלְקְלֶעפֶּערְס טָאכְטֶער.

אוֹיבּ אִיהר מֵיינְט אַז רבי יצחק דֶער שׁוּלְקְלֶעפֶּער וַואר אַיין אַיינְפַאכֶער פְּרָאסְטֶער יוּד וָואס הָאט גֶעהַאט נוּר אַיין אַרְבֵּייט קְלַאפֶּען אִין שׁוּל, הָאט אִיהר בִּמְחִילָה אַגְרוֹיסֶען טָעוּת. עֶר אִיז גִיוֶועזֶען אִין דֶעם שְׁטֶעדְטִיל עפּוּשקע וִויא מִיא זָאגְט אַגַאנְצֶער כָּל וָלָךְ אָדֶער כָּל וְכָל. אִין אַנוֹיט וֶוען דֶער עפּוּשקער חַזָן אִיז הֵיינֶערִיג גֶעוָוארִין הָאט רבי יצחק גֶעדַאוֶונְט מוּסָף אִין שׁוּל דֶען עֶר אִיז גִיוֶועזֶען אַגְרֶעבְּטֶער יוֹדֵעַ נַגֵן, וַוייל עֶר אִיז שָׁאן אֶפְשֶׁר דְרַייסִיג יָאהר אַשׁוּל מֶענְטְשׁ אוּנ אִין דִיא דְרַייסִיג יָאהר הָאבֶּען אִין עפּוּשקע אֶפְשֶׁר צְוַואנְצִיג חַזָנִים זִיךְ אִיבֶּער גֶעבִּיטֶען, אוּנ רבי יצחק הָאט מִיט זַיין גוּטֶען קָאפְּף אִיבֶּער גֶענוּמֶען אַלֶע זַייעֶרֶע בֶּעקְטֶע וָואלֶעכְלַאךְ מִיט זַייעֶרֶע טַאטַארִישֶׁע מִקְוּמָךְ'ס, אִיז אַזוֹי גִיךְ דֶער מוֹהֵל נִיט גֶעקוּמֶען צוּ אַבְּרִית הָאט רבי יצחק בֶּעטְרַאכְטִין זַיין שְׁטֶעלֶע אוּנ הָאט מוֹהֵל גִיוֶועזֶען דָאס קִינְד. אוּנ אַז בּאניע דֶער מַארְשַׁאלַאק אִיז גֶעוָוארִין אַקָהֶלְשֶׁער כְּשֵׁרוּת אוּנ וַואר שְׁטַארְק בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט חַאפֶּען רֶעקְרוּטֶען הָאט רבי יצחק בֶּעזֶעצְט דֶער כַּלָה נִיט עֶרְגֶער פוּן אִיהם. קוּרְץ גִירֶעדְט רבי יצחק דֶער שׁוּלְקְלֶעפֶּער אִיז גִיוֶועזֶען אִין עפּוּשקע אַנוֹיטְמֶענְטְשׁ וָואס מִיט אִיהם הָאט מֶען אַלֶע לֶעבֶּער פֶערְשְׁטָאפְּט. עֶר הָאט זָאגַאר אַיין מָאהל אַלְס דֶער עפּוּשקער מַגִיד הָאט זִיךְ מוֹצָאֵי יוֹם כִּפּוּר נִיט פַאר אוּנְז גֶעדַאכְט אִיבֶּער גֶעשְׁטָאפְּט אוּנ אִיז שְׁטַארְק קְרַאנְק גֶעוָוארִין אוֹיפְן בּוֹיךְ. הָאט רבי יצחק

(לונג אונ לעבער)     ויך

זיך אונטער גענומען מאכען אהספד נאך רבי חיקעל דעם ראש ישיבה פון תלמוד תורה וואס איז דאמאלס גראדע געשטארבען. אונ וואס מיינט איהר ער האט אפשר שלעכט געזאגט? אלע ווייבער זיינען פשוט צוגאסען געווארען פון געוויין הערענדיג די מעשה וואס ער האט דערציילט ביין הספד מיט די עשרה הרוגי מלכות.

מלכה איז געוועזען זייער אגעראטען קינד. אויף איהר פלעגט דער עפושקער מגיד זאגען אז ווען זיא זאל געוועזען זיין איינגעל וואלט זיא אויס געוואקסען אגרויסער גאון. דען זיא האט געהאט זייער אגוטען קאפף אונ האט ליב געהאט אלץ צו לערנען רבי יצחק אליין פלעגט מיט איהר לערנען תנ"ך אונ זיא איז צוא איהר צוועלפטען יאהר קלאר געוועזען אויף אויסעונווייניג גאנץ תנ"ך. דאצו איז זיא געוועזען זייער קלוג אונ האט ליב געהאט אלעס צוא הערען אונ אין אלץ זיך צו מישען. אונ טאטער האט יעמאנד אויס גירעדט אזאך וואס איהר איז ניט גיפעלין געווארען האט זיא איהם גאר אהן מורא געזאגט אז ער רעדט נארישקייט. רבי יצחק פלעגט זיא זייער אפט דערפאר אנפאטשען. אבער די פעטש האבען אויף איהר וויינינג געווירקט, זיא האט זיך ניט געקאנט איינהאלטען אונ האט געמוזט זאגען דעם וואס זיא האט געוואלט. דארום האט זיא אין איהרע קינדישע יאהרען בעקומען דעם נאמען „מלכה דער עזות פנים".

איך געדיינק אז ביא דעם מלמד יאשע בעריכעס וואו איך האב גילערינט איז געוועזען אטאכטער דבשא אמויד מיט גרויסע ציין אונ מיט זייער אלאנגע נאז. אונ ווייל אונזער חדר איז געוועזען פונקט נעגען רבי יצחק שולקלעפערס הויז פלעגט מלכה דער עזות פנים זייער אפט אריינקומען אביסעל פערברייגען מיט דבשאן, מלכה איז שאן דאן געוועזען אמויד פון אכטצעהען יאהר, אונ האטש מיר יאשע בעריכעס תלמידים זיינען געוועזען נאך קליינע זיבען יאהריגע קינדער, האבען מיר דאך פערשטאנען דעם קאנטראסט וואס צווישען די ביידע מיידען איז. דען מלכה איז אונז אלעמען גיפעלען געווארען, אונ מיר האבען געזאגט אז זיא איז זייער אשיינע, אז

זיא מָאג מַאקֶע זַיין אַיין אָמְתְדִינֶע מלכה. וָועהרֶענְד דֶעם רבים טָאכְטֶער דבשא הָאבֶּען מִיר פְּשׁוּט פַיינְד גֶעהַאט אונ הָאבֶּען זיא אונְטֶער אִיהרֶע אוֹיגֶען גֶערוּפֶען „לַאנְגֶע נָאז“ אָדֶער בּוּשְׁלִיאַק? *)

דבשא מִיט מלכהן הָאבֶּען אִימֶער זַייעֶר פְרַיינְדְלִיךְ אונ פֶּערְטְרוֹיט גִירֶעדְט, נָאר מלכה פְלֶעגְט אַוֶועק גַיין הָאט דבשא אִימֶער גֶעזָאגְט צוּ אִיהר מוּטֶער אוּנְזֶער רֶעבֶּעצִין: וָואס זָאגְסְטוּ מַאמֶע צוּ מלכה׳ס גְרָאבֶּע בַּאקֶען דֶער שְׁוַוארְצְיָאהר וַויים זיא וואוּ הָאט זִיא גֶענוּמֶען אַזַא גֶעזוּנְטֶע פַארְצֶע. פֶע חָלֶעבִּין פַאר אַיוּדִישׁ סַיידָעל פַּאסְט גָאר נִיט צוּ זַיין אַזוֹי גֶעזוּנְד.

וָואס אִיז דָאס פַאר אַחִידוּשׁ — פְלֶעגְט אוֹיף דֶעם אוּנְזֶער רֶעבֶּעצִין עֶנְטְפֶערִין — עֶפֶּעס מַיינְסְטוּ אַז רבי יצחק אִיז אַזַא שְׁלִימַזָל וויא דַיין טַאטֶע. אָהָא עֶר לֶעבְּט שָׁאן וויא דֶער דוּכֶּס. אַלֶע טָאג קָאכְט מֶען בַּייא אִיהם אִין שְׁטוּב אַגַאנְצֶען פוּנְט פְלַיישׁ. נוּא אִיז שָׁאן אַוואוּנְדֶער וָואס מלכה הָאט גְרָאבֶּע בַּאקֶען.

אִיךְ וַויים גָאר נִיט צוּ אַזַא מוֹיד וויא מלכה אִיז וָועט אַמָאהל גִיפֶעלֶען אַחָתָן — הָאט ווייטֶער דבשא גִירֶעדְט — וָוען אִיךְ זָאל דוּכְט זִיךְ אַבָּחוּר זַיין וָואלְט אִיךְ בְּשׁוּם אוֹיפֶּין נִיט גֶעוָואלְט אַזַא כַּלָה מִיט אַזַא גֶעזוּנְט פָּנִים. וָואס זָאגְסְטוּ מַאמֶע וָוער אִיז הֶענְגֶעוִודִינְגֶער אִיךְ צוּ זיא?

הֶענְגֶעוִודִינְגֶער בִּיזְט דוּא נוּר שֶׁענֶער אִיז מלכה — הָאט דִיא רֶעבֶּעצִין גֶעפַּסְקֶעט.

זיא אִיז שֶׁענֶער פוּן מִיר? חַא חַא חַא! — הָאט דבשא גֶעלַאכְט אונ הָאט אַרוֹיס גֶעווִיזֶען אִיהר גְרוֹיסֶע קְרוּמֶע צֵיין — הַיינְט זֶעה אִיךְ טַאקֶע אַז דוּא בִּיזְט אַגְרוֹיסֶער מֵבִין אוֹיף שֵׁיינְקַייט.

ס׳דַאנָה דַיינֶע זָאל זיא זַיין שֶׁענֶער פוּן דִיר. אַבִּי דַיין מַזָל זָאל זַיין שֵׁיין. ווייסְטוּ דֶען נִיט מַיין טָאכְטֶער אַז אַיין קְוִוינְט מַזָל אִיז טַהייעֶרֶער פוּן שֵׁיינְקַייט אונ אַפִילוּ פוּן גָאלְד.

נאר

*) בֶּעשַׁאק אָדֶער בּוּשְׁלִיאַק הַייסְט אִין דִיא לִיטְוִועשֶׁע קְלֵיינֶע שְׁטֶעדְטְלִיךְ דֶער שְׁטָארְךְ מִיט זַיין לַאנְגֶען שְׁנָאבֶּעל.

(לונג את לעבער)

נאָר דבשא איז מיט דער מוטערס בְּרָכָה ניט צו פֿרידען געוועזען אונ האט זיך מיט אַלע קרעפֿטע בעמיהעט זיא איבער צו צייגען אַז זיא איז פֿאָרט שענער פֿון מלכהן.

---

# ב.

## דער כָּלְבוּתניק

איין מאהל אַלס איך בין געקומען אין חדר פֿון וואַרעמעס, דאָס איז געוועזען אין אַקאַלטען ווינטער טאָג, דרויסען האט געשנייט אונ געוועיט. אונ בייא דעם רבין אין דער וואַרעמער שטוב וועלכע איז בעשטאַנען פֿון איין צימער מיט אַקיך איז געוועזען אַזוי שטיל זאָ דאָס מיא האט געהערט דיא טריט פֿון דער הון וואָס האט אַרום ספּאַצירט איבער דער קיך. דען דער רבי האט זיך אַביסעל צו געשלאַפֿט. אונ דיא רעביצען איז געזעסען נעבען אייוען אונ האט געפּליקט פֿעדערין. איז דאַמאָלס באַלד נאָך מיר אַריין געפֿלויגין דבשא. אונ האט געזאָגט דער מוטער אויפֿין אויער: מאַמע איך האב איהם ערשט געזעהן.

נוא וואָס זאָגסט דוא צוא איהם? האט דיא רביצין גיפֿרעגט.

אָי איז ער שיין פּשוט אַליאַלקע, מיא קאָן זיך אין זיין פּנים גאָר ניט איינקוקען.

אַזאָך אונ וועה צוא זיין שיינקייט — האט דיא רביצין געזאָגט פֿערקרימענד דעם פּיסק — ער ווייזט דאָך נאָר ניט אויס וויא איוד נאָר וויא אַשייגעץ;

דאָס איז דער פּאָר וואָס אין דיא גרויסע שטעדט גערט מען אַזוא.

נוא אונ אַז אין דיא גרייסע שטעדט טראָגט מען אַשטעקין אום שבת דאַרף מען נאָכטאָהן דיא רשעים קאָף אַקאָל! (כַּף הַקֶּלַע) זאָלין זייא אַוועק געהן. איוד דאַרף זיין אומעדום אַיוד.

(לונג אונ לעבער) איך·

איך זאָג דיר אַז איך האָב איהם דערזעהן האָב איך פּשוט רחמנות געהאַט אויף דרייזיע נאַלדען . אַזאָך און וועה איז נעביך צוא איהר , מיא קאָן האָבּין אַשיין ביסעל עולם הבּא פון אַזאַ זונעלע . איך ווייס ניט חלעבין וואָס דיא יודענע טראַכט זיך ווען מיינער אַזאָהן זאָל זיך אַזוא אָנטאָהן וואָלט איך איהם אפשר אַלעבּעבּענדיגען באַגראָבּין , און זיא קוועלט נאָך אָן פון דעם שיינעם קדיש .

מאַמע וואָס טוהט ער אין אַדעם ?

איך ווייס עפּעס איז ער דאָרט אַשרייבּעריל טאַקי בּייא רבי רפאלם אַברודער . מיא זאָגט אַפילו אַז ער פאַרדינט אַסך געלד , נור מישטיינס געזאָגט אַז מיא פּערדינט שוין געלד איז וואָס , נוא האָט מען דיא וועלט , דער פאַר האָט מען אָבער אַקריינק אַמכּה יענע וועלט , נאָר זאָג מיר וואו האָסטו איהם גיזעהן ?

איך בּין אומיסטין אַריין געגאַנגען צוא דרייזיע נאַלדען פרעגין אפשר באַדאַרף זיא אַרבּייטין זאָקין האָב איך איהם שוין דאָרט גיזעהען , ער האָט געזונגען אַלידעל וואָס איז זיך צוגאַנגען פּשוט אין איטליכס אבר .

וואָס האָט דאָס דיר אַזוא אָנגעשפּאַרט לייפּין זעהען דיא מריפּה צורה ?

אַז דאָס גאַנצע שטעדטיל רעדט פון איהם , וואו מיא געהט און וואו מיא שטעהט הערט מען אַלץ ריידען פון רפאל למחם בחוריל וואָס איז אַראָפּ געפאָהרין פון אדעם , האָב איך אויך חשק געקריגען איהם צוא זעהען , בּין איך דאריבּער אַריין געגאַנגען אַהין .

געהן זאָלסטו אין דער ערד חצופה . וויא קומט גאָר אַמויד צוא קוקין אויף פרעמדע בחורים בפרט נאָך אויף אַזאַ הולטאַי — האָט דיא רביצין מיט כּעס אַגעשרייא געטאָהן .

פון דעם געשרייא האָט זיך דער רבי אויפגעכאַפּט , און דיא מאַמע מיט דער טאָכטער האָבין אויפגיהערט צוא ריידין .

(לונג אונ לעבען) נאַברעם

נָאכְדֶעם הָאבּ אִיךְ שׁוֹין בַּייא אוּנְז אִין שְׁטוּבּ אוֹיךְ גִיהֶערְט רֵיידִין פוּן דָעם נַייֶעס אַז רבי רפאל למחס בָּחוּרִיל אִיז אַרָאפּ גֶעקוּמֶען פוּן אדעם אַנַאנְצֶער פְּרִיץ, אוּנ עֶר אִיז דָארְט אִין דָעם ווִיסְטֶען אדעם אַגְרוֹיסֶער הוּלְטַאי גֶעוָוארִין.

רבי רפאל למח אִיז גִיוֶוען בַּייא אוּנְז אִין עפושקע אַיין אַייזֶענְקְרֶעמֶער, זֵייעֶר אַשֵׁיינֶער בַּעַל הַבַּיִת אוּנ אַגְרוֹיסֶער עֶהְרְלִיכֶער יוד. נָאר מִיא הָאט אוֹיף אִיהם אַבִּיסִיל צוּגֶעמוּמֶעלְט אַז בְּשַׁעַת עֶר קוּמְט. אִין וואַרשׁויא נָאךְ סְחוֹרָה פֶערְבְּלָאנְדְזֶעט עֶר אִין זֵייעֶר מִיאוּסֶע עֶרְטָער... מִיא הָאט זָאגַאר עֶרְצֶעהלְט אַז דָעם פוּטֶער ווָאס נָאךְ זַיינֶע רֵייד הָאט מֶען בַּייא אִיהם אִין וֶועג גֶעגַנְבֶעט הָאט מֶען בַּייא אִיהם נָאר אַרָאפּ גֶערִיסֶען אִין אֵיינֶעם פוּן יֶענֶע מִיאוּסֶע עֶרְטָער.

מִיט פִינְף יָאר צוּרִיק אִיז אִין עפושקע גֶעקוּמֶען צוּפָאהרֶען רבי רפאלס אַבְּרוּדֶער ווֶעלְכֶער וָואהְנְט שׁוֹין זֶעהֶער לַאנְג אִין אדעם, עֶר אִיז גֶעקוּמֶען גֶעוָואהר וֶוערִין צוּא זַיין פַאמִילְיֶע, אוּנ אַוֶועק פָאהרֶענְדִיג צוּרִיק הָאט עֶר מִיט גֶענוּמֶען רפאלס אַבָּחוּרִל פוּן זִיבֶּעצֶעהן יָאהר עֶר זָאל דָארְט אִין אדעם וֶוערִין אַשְׁטִיקֶעל מֶענְטְשׁ. דֶער בָּחוּרִל שׁלמהלע אִיז אַוֶועק גֶעפָאהרִין מִיט אַפָּאר לַאנְגֶע פֵּאוֹת אוּנ מִיט אַלַאנְגִין קַאפְּטִין, אוּנ יֶעצְט אִין פִינְף יָאר אַרוּם אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אַבִּיסִיל פַארְבְּרֵיינְגֶען בַּייא דִיא עֶלְטֶערִין נָאר אַיין אַנְדֶער מֶענְטְשׁ אָן פֵּאוֹת אוּנ גֶעקְלֵיידֶעט ווִיא אַדַייטְשׁ, דָאס הָאט גֶעמַאכְט אַשְׁרֶעקְלִיכֶען רַעַשׁ אִין עפושקע. דִיא עֶלְטֶערֶע יוּדִין הָאבִּין גֶעשְׁרִינֶען גְוַואלְד אַז דָאס אִיז אַרְצִיחָה אַיוּדִישֶׁער בָּחוּר זָאל גֶעהן אָנְגֶעטָאן ווִיא אַגוֹי, אוּנ דִיא יוּנְגֶע בָּחוּרִמְלִיךְ בֶּעוָואנְדֶערְט דִיא מֵיידְלַאךְ הָאבִּין נָאר דִיא פִינְגֶער גֶעלֶעקְט פוּן אִיהם. דִיא עפושקער בָּחוּרִים הָאבִּין אִיהם שְׁטַארְק מְקַנֵּא גִיוֶוען ווָאס עֶר אִיז אַדַייטְשׁ גֶעוָוארִין, אוּנ דִיא מֵיידְלַאךְ הָאבִּין מְקַנֵּא גִיוֶוען דֶער כַּלָּה ווָאס אַזַא שֵׁיינֶער דַייטְשֶׁעל וֶועט זַיין

איהר (לוינג אוג לעבער)

אִיהר חָתָן. דָערְוַוייל הָאבְּין אַלְע פוּן אִיהם גֶירֶעדט, אוּנ עֶס אִיז נָאר נִיט מִיאוּס גֶעוָוארִין בַּיידֶענְדִיק.

אַלְע טָאג פְּלֶעגְט זִיךְ שלמהלע אַרוּיסְגֶעהן אִין דִיא עפּושקער נַאסִין אִין זַיין קוּרְצֶען פֶּעלְצֶעלֶע אִין לַאנְגֶע רוּסִישֶׁע שְׁטִיוָועל אוּנ מִיט אַפַּאפִּירָאס אִין מוֹיל, אוּנ פוּן אַלְע הַייזֶער אִיז מֶען אַרוֹיס גֶעלָאפִין קוּקִין אוֹיף זַיין בַּייז וואוּנְדֶער, פּוּנְקְט וִויא מִיא זָאל דָא דֶערְזֶעהן עֶפֶּעס אַוִוילְדֶע חַיָה.

אוּנ מִיר יוּנְגְלִיךְ קוּנְדֵסִים אַז מִיר פְלֶעגִין גֶעהֶענְדִיג פוּן חֵדֶר אִים בַּאגֶעגְנֶען פְלֶעגִין מִיר אִים נָאךְ לוֹיפִין אוּנ שְׁרַייעֶן דַייטְשֶׁעל! שֵׁיינֶעץ! עֶר הָאט אֲפִילוּ אַפָּאר מָאל אוּנְז מְכַבֵּד גִיוֶועֶן מִיט זַיין פַּאלֶעטְשֶׁקֶע וָואס עֶר הָאט אִימֶער אִין הַאנְד גֶעהַאלְטִין, אָבֶער דָאס הָאט אוּנְז צוּגֶעגֶעבִּין נָאךְ מֶעהר קוּרַאזְשׁ מִיר זָאלִין אִיהם נָאךְ לַייפֶען, פּוּנְקְט וִויא דִיא הִינְד מִיט וֶועלְכֶע מִיא רַייצְט זִיךְ אוּנ מִיא שְׁרֶעקְט זַייא מִיט אַשְׁטֶעקִין.

---

## ג.

## עֶפֶּעס רֶעדט מֶען אִין שְׁטֶעדְטִיל.

אִין עֶטְלִיכֶע טֶעג אַרוּם הָאבּ אִיךְ וַוייטֶער גִיהֶערְט אַגִישְׁפְּרֶעךְ צְוִוישֶׁען דֶער רֶבִּיצִין מִיט אִיהר טָאכְטֶער וֶועגִין שלמהלען.

דוּא וַוייסְט מַאמֶע וָואס אִיךְ הָאבּ הַיינְט גֶעהֶערְט — הָאט גֶעזָאגְט דבשא — נוּא אוֹיף ־ִטְשִׁיקַאוָועס טְרֶעף וָואס הָאבּ אִיךְ גִיהֶערְט.

פוּן וַואנֶען זָאל אִיךְ טְרֶעפִין? וָואס אִיז אִיךְ בִּין אַנְבִיאָטֶע.
אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט אַז רפאלס זוּנְדֶעלֶע וֶוערְט אַחָתָן פוּן הִיא.

מִיט וֶועמֶען? — הָאט דִיא רֶבִּיצִין גֵייאַנְגִיעֶרִיג גִיפְרֶעגְט.
נוּא טְרֶעף מִיט וֶועמֶען.

(לוּנג אוּנ לעבער)          טרעף

טְרָעף אונ טְרָעף, טְרָעף אונ טְרָעף, — הָאט דִיא רָבִּיצִין צַארְנִיג גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ דָאךְ דִיר שׁוֹין אֵיינְמָאהל גֶעזָאגְט אַז אִיךְ בִּין נִיט ־קֵיין טְרָעפֶּערְקֶע ·

מִיא זָאגְט אַז בַּייא אִיהם וָועט זַיין תְּנָאִים מִיט מלכה דָעם עַזוּת פָּנִים ·

גֶעה טְשֶׁעפֶּע זִיךְ אָפּ שׁוֹטֶה, אָט הָאסְטוּ דִיר רפאל וָועט טָאהן אַשִׁידוּךְ מִיט רבי יצחק דֶעם שׁוּלְקְלֶעפֶּער, אונ רבי יצחק וָועט נֶעמֶען אַיין אֵיידִים אַזַא כָּלְבוֹנִיק· שְׁפַּייא אוֹיס דְרַייא מָאל וַוייל דָאס אִיז אַפּוּסְטֶער חָלוֹם ·

מִיר הָאט דָאס אָבֶּער דֶערְצֵיילְט אַגֶעוִויסֶער מֶענְטְשׁ ·

וָוער אִיז דָאס דֶער גֶעוִויסֶער מֶענְטְשׁ ·

דָאס אִיז חייקע ביילע וָואס וואוֹינְט בַּייא רבי יצחקן אִין שְׁכֵנוּת · זִיא הָאט דֶערְצֵיילְט אַז שלמהלע קוּמְט אַלֶע טָאג צוּא גֶעהן צוּא רבי יצחקן אונ טֶענָהט אָפּ מִיט מלכהן אֶפְשֶׁר דְרַייא זֵייגֶערְנֶע שָׁעָה ·

דָאס אִיז אֶפְשֶׁר אֶמֶת אַז עֶר קוּמְט אַהִין אַרַיין וַוייל אָט דֶער שלמהלע הָאט אַמָאל גֶעזוּנְגִין בַּייא גרונה כתיה רבי יצחקס וַוייבּ· אָבֶּער עֶר זָאל וָוערִין מלכהס חָתָן דָאס וָועל אִיךְ נִיט גְלוֹיבִּין וָוען מִיא זָאל מִיר אֲפִילוּ דֶעם קָאפְּף אַרָאפּ נֶעהמֶען · אַמְשׁוּגָענֶער וָועט רפאל זַיין אונ וָועט טָאן מִיט זַיין שלמהן אַשִׁידוּךְ מִיט אַיין אָרֶעם מֵיידֶעל, אונ נָאךְ מֶער מְשׁוּגָע וָועט רבי יצחק זַיין אַז עֶר וָועט טָאן מִיט זַיין מֵיידָעל אַשִׁידוּךְ מִיט אַזַא הוּלְטַאי ·

מִיר הָאט זִיךְ דָאס אוֹיךְ נִיט גֶעגְלוֹיבְּט — הָאט דבשא גֶעזָאגְט — נָאר חייקע ביילע הָאט מִיר גֶעשְׁוָוארִין בַּייא אִיהר מַאן אונ בַּייא אִיהרֶע קִינְדֶער אַז דָאס אִיז אֶמֶת ·

גְלוֹיב אִיהר נִיט דֶער לִיגְנֶערִין, דָאס קָאן נִיט זַיין !

עֶס פֶערְשְׁטֶעהט זִיךְ אַז דָאס קֶען נִיט זַיין — הָאט דבשא פְרָאהלִיכֶער גֶעזָאגְט — וָואס דֶען אַמְשׁוּגֶענֶער וָועט עֶר זַיין עֶר וָועט חָתוּנָה הָאבִּין מִיט אַזַא שְׁטִיק פְלֵיישׁ מִיט אַזַא גֶעזוּנְדֶע

(לוּנג אונ לעבער) ארצע

פַארְצָע . וָואס אִיז אִין אדעס וָועט עָר נִיט גֶעפִינֶען קֵיין שֶׁענֶערֶע פוּן אִיהר ?

חייקע ביילע הָאט אָבֶער קֵיין לִיגֶען גֶעזָאגְט, שלמהלע פְלֶעגְט טַאקִי אַרַיין גֶעהן אַלֶע טָאג צוּא רבי יצחקן , עָר פְלֶעגְט גְרַאדֶע דֶערְהִיטֶען דִיא צַייט וָואס קֵיינֶער אִיז אִין שְׁטוּב נִיט גִיוֶוען אוֹיסֶער מלכהן , אוּנ עָר פְלֶעגְט מִיט אִיהר אָבְזִיטְצֶען שְׁטוּנְדֶענְ-לַאנְג . מִיא הָאט זַייעָר לַייכְט גֶעקָאנְט עָרְקֶענֶען אַז דִיא צְוַוייא יוּנְגֶע מֶענְטְשִׁין זַיינֶען נָאר נִיט גְלַייכְגִילְטִיג אַיינֶער צוּם צְוַוייטֶען . נָאר אוֹיסֶער חייקע ביילען הָאט דָאס קֵיינֶער נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען אַלֶע הָאבִּין גִירֶעכֶנְט אַיינְפַאךְ אַז וַוייל רבי יצחקס וַוייבּ אִיז שלמהלעס אַמְמֶע גִיוֶוען דַארוּם קוּמְט עָר צוּא אִיהר אַלֶע טָאג אַרַיין גֶעוָואהר וֶוערִין . פִילֶע עפּושקער אַיינְוָואהנֶער הָאבִּין נָאךְ שלמהלען דֶער פַאר גֶעלוֹיבְּט וָואס עָר פַארְגֶעסְט נִיט זַיין אַמָאלִיגֶע אַם אוּנ עָר אִיז צוּא אִיהר אַזוֹא שְׁטַארְק צוּגֶעבּוּנְדֶען . זָאנַאר גרונה בתיה אַלֵיין (רבי יצחקס וַוייבּ) וַואר שְׁטַארְק צוּפְרִידֶען פוּן זַיינֶע ווִיזִיטֶען , אוּנ זִיא הָאט אִיהם מִיט קֵיין אַנְדֶער נָאמֶען גֶערוּפִין וִויא נָאר מַיין קִינְד מַיין שלמהלע .

אוּנ שְׁטִיל אוּנְבֶּעמֶערְקְט הָאט זִיךְ פֶערְוִויקֶעלְט אַשְׁטַארְקֶע לִיבֶּע צְוִוישֶׁען דֶעם אדעסער פְרַאנְט מִיט דֶעם שׁוּלְקְלֶעפֶּערְס טָאכְטֶער .

דָאס אִיז אִין יֶענֶער צַייט גִיוֶוען אַיינְס פוּן דִיא זֶעלְטֶענֶע עֶרְשַׁיינוּנְגֶען , דֶען אוּנְזֶערֶע קְלַיינְשְׁטֶעטֶעלְדִיגֶע מֵיידְלַאךְ הָאבֶּען דַאמָאלְס הַיינְטִיגֶע רַאמַאנֶען נִיט גֶעלֶעזֶען , אוּנ זַייא הָאבֶּען נָאר נִיט גֶעוואוּסְט· אַז עָס עֶקְזִיסְטִירְט אַלִיעבֶּע אוֹיף דֶער וֶועלְט . זַייא הָאבֶּען גֶעוואוּסְט אַז מִיא בַּאדַארְף נָאר לִיעבֶּען נָאט , דִיא עָלְטֶערִין , אוּנ נָאךְ דֶער הַתּוֹנָה דֶעם מַאן . אָבֶער מִיא זָאל לִיבֶּען אַפְרֶעמְדֶען בָּחוּר אוּנ מִיא זָאל מִיט אִיהם רַאמַאנְסִירֶען פּוּנְקְט וִויא דִיא לִיעבֶּע פָאדֶערְט דֶערְפוּן הָאבֶּען זַייא נָאר קֵיין אַהנוּנְג גֶעהַאט .

צְוַוייא וָואכֶען כְּסֵדֶר אִיז שלמהלע אַלֶע טָאג גֶעגַאנְגֶען צוּ

רבי יצחקן זיך זָעהָען דָארְט מִיט מלכהן, אונ הָאט נַאכְהֶער אָן גֶעהַייבֶּען רבי יצחקן גֶעבֶּען צו מֶערקֶען אַז עֶר וִויל וֶוערִין זַיין אֵיידֶעם. וִויא רבי יצחק אִיז גִיוָוען אַפְּרוּמֶער כָּשֶׁרֶער יוד הָאט עֶר גֶעגֶען דֶעם נִיט פְּרָאטֶעסְטִירְט, וַוייל עֶר הָאט בִּירֶעכִינְט אַז פַאר זַיין טָאכְטֶער קָאן גָאר קֵיין גְרֶעסֶער גְלִיק נִיט גֶעבֶּען וִויא חֲתוּנָה צו הָאבֶּען מִיט שלמהלען פַאר וֶועלְכֶען זִיא וֶועט גֶעוִויס נִיט אַזוֹי פֶערְשְׁוַוארְצְט וֶוערִין וִויא אַלֶע יוּדִישֶׁע וַוייבְּלִיךְ פַאר זַייעֶרֶע קְלֵיין שְׁטֶעטֶעלְדִיגֶע מַאנֶען דִיא טוּנֶענִיכְטֶסֶען, אונ עֶס אִיז טַאקִי גִיוֶוען אַגְרוֹיסֶע הָאפְנוּנְג אַז שלמהלע זָאל הֵיירַאטֶען דֶער שֵׁיינֶער מלכהן.

---

# ד.

## דִיא גֶעהֵיימֶע לִיעבֶּענְדֶע.

שלמה וִויא אִיךְ הָאבּ עֶרְצֶעהְלְט וַואר שָׁאן אַיוּנְגֶער מַאן פוּן 21 יָאהר, נִיט אוּמְזִיסְט הָאבֶּען אִיהם אַלֶע עפּוּשקער מֵיידְלַאךְ גֶעלִיעבְּט דֶען עֶר אִיז וִוירְקְלִיךְ גִיוֶוען אַלִיבֶּענְסְוִוירְדִיגֶער יוּנְג שֵׁיין גֶעזוּנְד, עֶלֶעגַאנְט, אונ זֶעהֶער הֶעפְלִיךְ. אִין דִיא פִינְף יָאהר וָואס עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אִין אדעססע אִיז עֶר רֶעכְט גֶעבִּילְדֶעט גֶעוָוארִין, אונ הָאט דָארְט טַאקִי בַּייא זַיין רֵייכֶען אָנְקֶעל גֶעדִינְט אַלְס בּוּכְהַאלְטֶער. אונ זַיין פְּרִינְצִיפַּאל וַואר פוּן אִיהם הֶעכְסְט צוּא פְרִיעדֶען.

קוּמֶענְדִיג אִין עפּוּשקע אִיז עֶר אַרַיינְגֶעקוּמֶען צו רבי יצחקן אִין הוֹיז נִיט מֶעהר וִויא צו בֶּעזוּכֶען זַיין אַמְמֶע, עֶר הָאט דֶער זָעהֶען מלכהן וֶועלְכֶע הָאט אִיהם אִיבֶּערְרַאשְׁט מִיט אִיהר שֶׁענְהַייט, דֶען זִיא וַואר אַיינֶע זֶעלְטֶענְהַייט וָואס מִיא גֶעפִינְט אַזֶעלְכֶעס אִין דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטֶעדְט נִיט. אוֹיךְ אִיהר גֶעזִיכְט אִיז גֶעלֶעגֶען אַזַא צוֹיבֶּער וָואס מִיא גֶעפִינְט בַּייא אַיינֶע פוּן הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד. עֶר אִיז שָׁאן פוּן דָארְט נִיט אַזוֹי גִיךְ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, עֶר אִיז בַּייא

רבי יצחקן איז הויז אבגעזעסען אייניגע שטונדען , אונ מערק־ווירדיג אז מלכה דער עזות פנים וואס האט פאר קיינעם קיין דרך ארץ געהאט האט זיך אין דעם געגענווארט פון דעם יונגען מענשען פערלארען . זא דאס זיא האט קיין צווייא ווערטער געקאנט אויסרעדען .

ער איז אויפמארגען ווייטער געקומען , אונ מלכה האט אנגעהויבען צו איהם געוואוהנט צו ווערין , זיא האט שוין מיט איהם אביסעל גירעדט , נור אזוי קאלט אונ אזוי איינגעהאלטען; זא דאס שלמה האט געמיינט אז זיא קאן ניט ריידען מיט אמענשען .

אבער מיט יעדען טאג איז מלכהס צונג פרייער געווארין , אונ שלמהלע האט ערהערט קלוגע ווערטער פון אפאלקאמענעם מענטשען . מיט יעדען מאהל וואס שלמהלע איז צו איהר געקומען איז זייער פריינדשאפט אלץ שטארקער געווארין , זיא האט זעהער ליעב געהאט צו הערין וויא ער שטעלט פאר דאס לעבען פון דיא מענטשען וואס וואהנען אין אדעס , אונ זיא האט שטארק מקנא גיוועזן יענע גליקליכע מענטשען .

איהר האט וויא איך זעה אויך חשק צו וואהנען אין איין גרויסער שטאדט — האט ער צו איהר איינמאהל געזאגט אלס זיא האט איהם גיבעטען ער זאל איהר עפעס ערצעהלין פון אדעסא .

צוא איך האב חשק ? — האט זיא גיענטפערט — איך וואלט אפשר איין האלב לעבען אבגעגעבין אבי איך זאל דיא צווייטע האלב לעבען אין אדעס .

איהר קאנט דאס זעהער לייכט אויספיהרען — האט ער לאבענד געזאגט .

וויא אזוי ?

זעהער איינפאך איר וועט חיראטען מיט אמאן אויס אדעסא וועט איהר דארט וואהנען .

איך גלויב גאר ניט אז אנ׳אדעסער מאן זאל וועלין תתונה האבין מיט אזא קליינשטעטלדיגע מיידעל וויא איך בין .

פאר וואס זאל ער דאס ניט וועלין? וואס איז אייך פּאסט ניט צו זיין אין אגרויסער שטאדט.

איך ווייס? איך הער דאך פון אייך וויא איהר דערציילט אז אין אדעס זיינען אלע גרויסע קענער, אונ איך ווייסט איהר דאך אז איך בין גאר קיין קענערקע ניט.

דאס איז אקלייניגקייט, אין איין יאהר קאנט איהר ווערין אנ'אדעסער געבילדעטע דאמע.

ווער זשע וועט דאס וועלין געהמען אזא ווייב מיא זאל זיא באדארפען לערנען?

איך קאן דארט איין מענשען וואס ער וואלט זיך גליקליך געשעצט ווען איהר זאלט גאר וועלין מיט איהם חתונה האבען.

דאס מוזט איהר לאבען, פון וואנען קאן מיך יענער מענש, ער איז דא אמאהל גיוועזען.

יא ער איז טאקי אליין אהינער, איך ווייס אז ער ליעבט אייך זעהער, אונ ער וואלט זיך איינפאך געלאזט דעם קאפף אבהאקען פאר אייך.

הלעבין איהר מאכט חוזק.

אונ איך שווער אייך ביא מיין לעבען אז איך רייד דיא ריינע וואהרהייט.

ווער זשע איז דער מענטש? איך קאן איהם?

יא איהר קאנט איהם זעהער גוט, איהר רעט טאקי יעצט מיט איהם.

מלכהן האט וויא אשוידער געטאהן, זיא האט איהם שוין גלייך אין דיא אויגען ניט געקאנט קוקען, אונ האט אראבגעלאזט איהרע בליקען צו דר'ערד.

איהר האט זיך פערשעמט ליעבע מלכה? — האט ער צערטליך געפרעגט זיא ביא איהר האנד ערגרייפענד — אדער איהר האט פעראיבעל אויף דעם וואס איך האב אייך ערשט געזאגט?

מלכה האט ניט ארויסגענומען איהר האנד פון זיינע, איין

לונג אונ לעבער אנגעזאגט

זַאנְפְטֶע רַאטְהקַייט הָאט אִיהר גֶעזִיכְט אִיבֶּערְגֶענָאסֶען , אוּנ זִיא הָאט גֶיעֶנְטְפֶערְט שְׁטִיל קַויבּ זַאפּ סִיא הָאט גֶיהֶערְט : אוֹיבּ אִיהר מֵיינְט דָאס בֶּאֱמֶת בִּין אִיךְ גְלִיקְלִיךְ .

אוּנ פוּן דַאמָאלְס אָן הָאבֶען זִיךְ דִיא בֵּיידֶע יוּנְגֶע מֶענְשֶׁען בֶּעשְׁלָאסֶען זַייא זָאלֶען זַיין מַאן אוּנ וַוייבּ , שלמה הָאט אָנְגֶעהַייבִּין צוּ גֶעבֶּען רבי יצחקן אָנְצוּהֶערִינְס אַז עֶר ווִיל חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט זַיין טָאכְטֶער , אוּנ חָאטְשׁ רבי יצחק הָאט נִיט אַרוֹיסְגִירֶעדְט פוּן פוּלֶען מוֹיל אַז עֶר אִיז דַאמִיט צוּפְרִיעדֶען , הָאט דָאךְ שלמה פֶּערְ־שְׁטַאנֶען אַז עֶר וֶועט מַסְכִּים זַיין , אִיהם אִיז יֶעצְט נוּר אִיבֶּערְ־גֶעבְּלִיעבֶען צוּ רֵיידֶען מִיט זַיינֶע עֶלְטֶערִין אוּנ בֶּעקוּמֶען זַייעֶר הַסְכָּמָה .

אָבֶּער דָא הָאט עֶר זִיךְ סְפַּאטִיקֶעט אָן אַשְׁוֶוערִין שְׁטַיין , דֶען קַוים הָאט עֶר זַיינֶעם פָאטֶער נוּר גֶעזָאגְט מִיט אַהַאלְבֶּען מוֹיל אַז מלכה גִיפֶעלְט אִיהם , אִיז רפאל אוֹיף אִיהם אָנְגֶעפַאלֶען מִיט אַווִילְדֶען צָארִין אוּנ הָאט אַגֶעשְׁרַייא גֶעטָאהן : אַזוֹי גָאר ? דוּא הָאבְּט זִיךְ אִין דֶעם ווִיסְטֶען אדעם אוֹיסְגֶעלֶערִינְט שְׁפִּיעלֶען אִין לְיוּבְּקֶעס חָאטְשׁ מִיט אַבִּי וֶועמֶען , דוּא ווִילְסְט אֶפְשָׁר פֶערְ־שְׁוַוארְצֶען מַיין מִשְׁפָּחָה אוּנ ווֶערִין דֶעם שׁוּלְקְלֶעפֶּערְס אֵיידֶעם ? הָיָה לֹא תִהְיֶה ווֶען דִיא ווֶועלְט זָאל זִיךְ אִיבֶּערְקֶעהְרִין קַאפּוּיר ווֶועל אִיךְ דֶערְצוּ נִיט דֶערְלָאזֶען , סַיידֶען דוּא ווִילְסְט מֶעהר מַיין קִינְד נִיט זַיין .

שלמה הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז עֶר ווֶעט מִיט זַיין פָאטֶער גָאר נִיט אוֹיסְפִיהרֶען , הָאט עֶר זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען עֶר זָאל שׁוֹין מֶער מִיט אִיהם נִיט רֵיידֶען ווֶוענֶען דֶעם , בַּייא אִיהם אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען עֶר זָאל צוּרִיק פָאהרֶען נָאךְ אדעססע , אוּנ אִין אֵיינִיגֶע חֳדָשִׁים אַרוּם זָאל עֶר מלכהן אַרוֹיסְפָאדֶערִין אַהִין , אוּנ דָארְט זָאל עֶר מִיט אִיהר חֲתוּנָה הָאבִּין .

עֶר הָאט דֶעם פְּלַאן פָארְגֶעלַייגְט מלכהן אוּנ זִיא אִיז דַאמִיט זֶעהֶער צוּפְרִיעדֶען גִיוֶועןְ , זַייא הָאבֶען זִיךְ זֶעהֶער הַיים גֶעשֵׁיידֶעט ,

און ער איז אויפגעפאהרין, מיט דעם פעסטען בעשלוס ער זאל אין קורצען כלכה ארויסרופען אהין.

קיינער אויסער זייא ביידע האט ביי אונז אין שטעדטיל דאפון געוואוסט.

# ה.

## א שווארצער וואלקען.

דעם ערשטען חודש נאך זיין אוועקפאהרין פון עפושקע האט שלמה געשיקט צווייא מאהל אין וואך בריעף צו מלכהן. דיא בריעף וואַרען פאל מיט הייסע פייערינגע ליעבע, ער האט איהר אין יעדען בריעף פערזיכערט אז זיא געהט איהם ניט אויף איין מינוט פון געדאנק ארויס, און ער קלערט נאר אנדערש ניט וויא זיא נאך אדעסע ארויסצוגעהמען מיט איהר צו הייראטען.

מלכה אליין האט ניט געקאנט שרייבען און ניט לעזען, נאר זיא האט שוין געפונען אמענטשען וועלכער האט פאר איהר געלעזען און געשריעבען, דער מענטש איז געוועזען טודרוס דער בהעלפער.

היינטיגע צייטען שפיעלען דיא בהעלפערס אקליינע ראליע, נור דאמאלס ווען איך האב געלערנט ביי יוסל בעריכעס איז א בהעלפער געוועזען אגאנצע קאך לעפעל אין אלע הייזער, ער האט ארויסגעטראגען אומעדום דיא פאמייניצעס, ער האט איינגעמאכט ציצית אין אלע ארבע כנפותן און אין דיא טליתים. ער האט צוגעדעקט סכות האט איינגעבונדען לולבן, און דיא הויפט זאכע ער איז געוועזען דער מדריך איבער דיא קליינע קינדער. וויא איין פאסטוך זיינע שעפעלאך פלעגט ער אלע אין דער פריה טרייבען אטאבון יונגעליך אין דיא חדרים, און פון אלע זייטען וואר ער באהאנגען מיט אלערלייא מאכלים, וואס דיא מאמעס פלעגען מיט געבען דיא קינדער אין חדר. ער פלעגט מיט דיא קינדער אין דער

פְּרִיה זָאגְען בְּרָכָה , אונ פַאר נַאכְט פְּלֶעגְט עֶר זַייא אַרַיינְגֶעהמֶען אִין אַשְׁטַאל אונ הָאט דָארְט זַייא גִילֶערִינְט לֵייעֶנְען קְרִיאַת שְׁמַע , עֶר הָאט אויך דָאס רֶעכְט גֶעהַאט דִיא קִינְדֶער צו שְׁמַייסֶען צו שְׁלָאגֶען וִויא דָער מְלַמֵד אַלֵיין . נָאר עֶר אַלֵיין פְּלֶעגְט זָעהֶער אָפְט אַסַך מֶעהר קְלֶעפּ בֶּעקוּמֶען אַלְס אַלֶע קִינְדֶער צוּזַאמֶען , דֶען וֶוען עֶס אִיז עֶפֶּעס פֶערְפַאלֶען גֶעוָוארִין בַּייא אַבַּעַל הַבַּיִתְטֶע אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע כַּפָּרָה הֶענְדֶעל גִיוֶוען דֶער בַּהֶעלְפֶער , מִסְתָּמָא הָאט עֶר דָאס גֶעגַאנְוֶועט , אונ אָהן שַׁאֲלוֹת אָהן חֲקִירוֹת וּדְרִישׁוֹת אִיז אויף אִיהם בַּאלְד גֶעפְּלוֹיגֶען דִיא ווִילְקֶע מִיט דֶער קָאטְשֶׁערֶע ; מִיט דֶער בַּעַל הַבַּיִתְ-טֶעס נֶעגֶעל .

אונ אַזַא בַּהֶעלְפֶער אִיז אויך גִיוֶוען דֶער טוֹדרוֹס וָואס אִין אִיהם הָאט זִיך מלכּה אַיינְגֶעגְלוֹיבְּט אונ הָאט אִיהם גֶעמַאכְט פַאר אִיהר סֶעקְרֶעטַאר .

עֶס פְלֶעגְט אִיהם אָפִּילוּ אָנְקוּמֶען מִיט גְרוֹיסֶע צָרוֹת דָאס אִיבֶּערְלֶעזֶען שלמה׳ס אַבְּרִיעף חַאטְשׁ עֶר וַואר גֶעשְׁרִיבֶּען פְּרָאסְט יוּדִישׁ , אונ מִיט נָאך מֶער צָרוֹת פְלֶעגְט אִיהם אָנְקוּמֶען שְׁרַייבֶּען אַנְ'אַנְטְוָוארְט אָבְּוָואהל מלכּה פְלֶעגְט אִיהם יֶעדֶעס וָוארְט דִיקְטִירֶוען . נוּר וִויא דִיא זַאך אִיז , דוּרְךְ אִיהם הָאט פָּארְט מלכּה גֶעוואוּסְט וָואס אִיהר שלמהלע שְׁרַייבְּט אִיהר אונ דוּרְךְ אִיהם פְלֶעגְט זִיא אִיהר לִיעבְּעפָּאלֶעם הֶערְץ אוֹיס גִיעסֶען פַאר אִיהר חָתָן .

אָנְפַאנְגְס הָאט טוּדרוּס שְׁטַארְק שְׁטָאלְצִירְט דֶערְמִיט וָואס עֶר אִיז אַנְפֶערְטְרוֹיעֶט אִין אַזַא וִויכְטִיגֶע גֶעהַיימְנִים . עֶר הָאט פֶערְ-שְׁטַאנֶען אַז דָאס אִיז אַזַא זַאך וָואס קַיינֶער טָאהר דֶערְפוּן נִיט וִויסֶען אונ הָאט טַאקִי גֶעהַאלְטֶען סוֹיל . עֶנְדְלִיךְ אָבֶּער הָאט עֶר זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט אַיינְהַאלְטֶען אונ הָאט דֶעם סוֹד פֶערְטְרוֹיעֶט ירוּחם דֶעם מְלַמֵד . עֶר אִיז נִיט אוֹיסֶען גִיוֶוען טָאהן דַאמִיט מלכּה'ן אַרֶעה נָאר אַיינְפַאך עֶר הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט בַּארִיהמֶען פַאר ירוּחמ'ן דַאמִיט וָואס עֶר שְׁרַייבְּט בְּרִיעף צוּ גֶעבִּילְדֶעטֶע מֶענְטְשֶׁען אִין אדעס , אונ חָאטְשׁ עֶר הָאט ירוּחם'ן בַּאשְׁוָוארִין מִיט אַלֶע שְׁבוּעוֹת עֶר זָאל דָאס פַאר קֵיינֶעם נִיט אִיבֶּער דֶערְצֵיילֶען . אִיז ירוּחם נָאךְ אִין דֶעם

זָעלְבָּען טָאג אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ רפאלן. אונ הָאט דָאס אִים עֶרְצֶעהלְט אַז זַיין זָאהן שְׁרַייבְּט בְּרִיעוועלִיךְ צוּא יצחק דֶעם שׁוּלְקְלֶעפֶּערְס טָאכְטֶער. אונ עֶר וִויל זִיא דִיא צַייטָען אַרוּים נֶעהמֶען צוּ זִיךְ אִין אדעם אונ דָארְט חֲתוּנָה הָאבִּין מִיט אִיהר.

רפאל הָאט דָאס בַּאלְד גֶעגְלוֹיבְּט, דֶען עֶר הָאט דָאךְ גֶע-דֵיינְקְט וִויא זַיין שלמה הָאט אִיהם אַלֵיין גֶעזָאגְט אַז עֶר וִויל חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט מלכהן, דַארוּם הָאט עֶר גְלַייךְ גֶעשִׁיקְט רוּפֶען טודרוסן אונ הָאט אִיהם גֶעשְׁרָאקֶען אַז אוֹיבּ עֶר וֶועט אִיהם דֶעם אֱמֶת נִיט זָאגֶען וֶועט עֶר נָאךְ דִיא וָואךְ פַּאר אַרֶעקְרוּט אַוֶועקְגֶעהן.

טודרוס הָאט גֶעוואוּסְט אַז רפאל הָאט בְּכֹחַ אִיהם פַּאר אַרֶעקְרוּט אָבְּצוּגֶעבֶּען. דַארוּם הָאט עֶר אִיהם עֶרְצֶעהלְט פוּן אַלֶף בִּיז תָּיו וָואס אִין יֶעדֶען שלמהס בְּרִיעף אִיז גִיוֶוען גֶעשְׁרִיבֶּען, אונ וָואס מלכה הָאט אִיהם גִיעֶנְטְפֶערְט.

אוֹיף וֶועמֶעס אַדְרֶעסֶע קוּמֶען אָן צוּ מלכהן דִיא בְּרִיעף? — הָאט רפאל גֶעפְרֶעגְט.

טַאקִי אוֹיף מַיין אַדְרֶעסֶע — הָאט טודרוס גִיעֶנְטְפֶערְט.

הֶער זְשֶׁע טודרוס — הָאט רפאל גֶעזָאגְט — דוּא זָאלְסְט מִיר פוּן הַיינְט אָן אונ וַוייטֶער אַלֶע בְּרִיעף וָואס מַיין שלמה וֶועט שְׁרַייבֶּען אוֹיף דַיין אַדְרֶעסֶע בַּאלְד אִין הַאנְד אָבְּגֶעבֶּען, אונ דוּא זָאלְסְט לְמַעַן הַשֵּׁם נִיט זָאגֶען מלכהן אַז צוּ אִיהר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען בְּרִיעף, טָאמֶער וֶועט זִיא דִיר הֵייסֶען שְׁרַייבֶּען אַבְּרִיעף פוּן אִיהרְט וֶועגֶען צוּ שלמהן, זָאלְסְטוּ שְׁרַייבֶּען נוּר דוּא זָאלְסְט אַזוֹי מַאכֶען אַז זִיא זָאל דוּרְךְ דִיר דֶעם בְּרִיעף אָבְּשִׁיקֶען אוֹיף דֶער פָּאצְט, אונ דֶעם בְּרִיעף זָאלְסְטוּ מִיר אוֹיךְ אַוֶועק גֶעבִּין, דוּא הֶערְסְט וָואס אִיךְ זָאג דִיר אָן? אונ טָאמֶער וֶועסְטוּ מִיךְ נִיט פָאלְגֶען שְׁוֶוער אִיךְ דִיר בַּייא מַיין יוּדִישְׁקַייט אַז דוּא וֶועסְט נָאךְ הַיינְטִיגְס יָאהר זַיין אַרֶעקְרוּט.

אִיךְ וֶועל אַייךְ פָאלְגֶען —הָאט טודרוס עֶרְצִיטֶערְט גִיעֶנְפֶערְט.

נוּר אוֹיף דִיר אַקַשְׁיָה — הָאט וַוייטֶער רפאל גֶעזָאגְט — דוּא קָאנְסְט דָאךְ מלכהן דֶערְצֶהלֶען דִיא גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה וָואס אִיךְ הָאבּ

מִיט דִיר גִירֶעדְט, זָאג אִיךְ דִיר אָן מִיט דֶעם הַארְבֶּען וָוארְט אַז אוֹיבּ מלכּה וֶועט זִיךְ דֶערְפוּן דֶערְוִויסֶען וֶועט דִיר קַיין זַאךְ נִיט הֶעלְפִין אוּנ דוּא וֶועסְט זַיין אַרֶעקְרוּט, דוּא הֶערְסְט ?

אִיךְ וֶועל אִיהר נָאר נִישְׁט דֶערְצֶעהלֶען — הָאט טוּדרוּס פֶערְזִיכֶערְט.

נוּא נֶעה אוּנ גֶעדֵיינְק וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר אָנְגֶעזָאגְט.

אוּנ טוּדרוּס אִיז מִיט אַצוּבְּרָאכֶען הֶערְץ אַוֶועקְגֶענַאנְגֶען. אִיהם הָאט אֲפִילוּ זַייעֶר גֶערִיסֶען דָאס הֶערְץ אוֹיף מלכּהן, אָבֶער דֶער גֶעדַאנְק אַז עֶר קָאן וֶוערִין אַרֶעקְרוּט הָאט פוּן אִיהם יֶעדֶען פוּנְק רַחֲמָנוּת אוֹיס גֶעלָאשְׁ׳ן. אוּנ עֶר הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען צוּ גֶעהָארְכֶען זַיין רפאלן.

---

## ו.

## דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע בְּשׂוֹרָה.

צְוַוייא חֳדָשִׁים זַיינֶען אִיבֶּער גֶעלָאפִין פוּן יֶענֶעם טָאג:

וָואס אִיז דָאס מלכּה רבּי יצחקס בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַזוֹי פֶערְטְרַאכְט אוּנ מָרָה שְׁחוֹרָה׳דִיג ? הָאבֶּען אַלֶע אִיהרֶע בֶּעקַאנְטֶע אַיינֶער דֶעם צְוַוייטֶען גֶעפְרֶעגְט.

וָואס זִיצְט דָאס אוּנְזֶער מלכּה בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַפֶערְקְלָאנְטֶע אוּנ אַפֶערְוַויינְטֶע ? — הָאט אוֹיךְ רבקה גֶעפְרֶעגְט זַיין וַוייבּ גרונה בּתיהן.

אִיךְ וַוייס ? — הָאט גרונה בּתיה גֶיעָנְטְפֶערְט — זָאל מִיךְ אַזוֹי קַיין בֵּייז אוּנ קַיין שְׁלֶעכְטְס נִיט וִויסֶען מִיט דִיר אִין אֵיינֶעם וִויא אִיךְ וַוייס נִיט וָואס אִיהר אִיז גִישֶׁעהן. אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט פְרִיהֶער אַז דָאס אִיז אַגוּטֶע אוֹיג הָאבּ אִיךְ גֶעשִׁיקְט רוּפֶען יחנת דֶער שְׁפְּרֶעכֶערִין זִיא זָאל אִיהר אָבְּשְׁפְּרֶעכֶען, אוּנ אִיךְ אַלֵיין הָאבּ אִיהר אַפָּאר מָאהל אָבְּגֶעשְׁפְּרָאכֶען, אָבֶער ס׳הֶעלְפְט נִיט. אִיךְ קְלֶער אַז זִיא מוּז זַיין עֶפֶּעס נִיט גֶעזוּנְד וַוייל זִיא הָאט גָאר אוֹיפְ־

גִיהֶערְט צוּ עֶסֶען, דִיאָזגַאנְצֶע נַאכְט הָרֶעכְצְט זִיא אוּנ שְׁלָאפְט נִיט.

מִיא הָאט אֶפְשֶׁר בַּאדַארְפְט אַפְרֶעגְ שְׁאהן האצקעל דָעם רוֹפֵא.

זִיא ווִיל נִיט מִיא זָאל צוּא אִיהר רִופֶען דָעם רוֹפֵא דִיא מְשׁוּגָעְנֶע, זִיא שְׁרַייט אַז זִיא אִיז גֶעזוּנְד. וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ בַּייא אִיהר צוּ בֶּעטֶען זִיא זָאל מִיר זָאגֶען וָואס אִיהר פֶעהְלְט נָאר הֵייד צוּ אִיהר אוּנ הֵייד צוּ דָער וַואנְד, מִיא קָאן פוּן אִיהר דָעם אֱמֶת נִיט דֶערְגֶעהְן.

נָאר דָעם אֱמֶת וַוייסִין מִיר לִיעבֶּע לֶעזֶער, אַז דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן אִיהר טְרוֹיעֶר, פוּן אִיהר מָרָה שְׁחוֹרָה, פוּן אִיהר קְרֶעכְצֶען אִיז נָאר דָאס וָואס זִיא הָאט אוֹיפְגִיהֶערְט צוּ הָאבֶּען פוּן שלמהן בְּרִיעף, זִיא הָאט אִיהם שׁוֹין אִין עֶטְלִיכֶע בְּרִיעף אָנְגֶעפְרֶעגְט דִיא אוּרְזַאכֶע פַאר וָואס עֶר שְׁרַייבְּט נִיט, זִיא הָאט אִיהם גִיבֶּעטִין רַחֲמִים עֶר זָאל אִיהר שְׁרַייבֶּען וָואס עֶר מַאכְט אָבֶּער קַיין אַנְטְוָוארְט הָאט זִיא פוּן אִיהם גֶעהַאט.

זִיא אִיז וִירְקְלִיךְ שִׁיער מְשׁוּגָע גֶעוָוארִין אוּים עַגְמַת נֶפֶשׁ. זִיא הָאט פַּא זִיךְ קַיין פְּלַאטְץ גֶעפוּנֶען. אִיהר אִיז אִיבֶּערַאל עֶנְג גִיוֶועןְ. אוּנ וֶוען קֵיינֶער הָאט גִיזֶעהֶען הָאט זִיא פֶערְגָאסֶען הֵייסֶע בִּיטֶערֶע טְרֶערִין.

אַז שלמהן הָאט זִיךְ קַיין אוּנְגְלִיק גֶעטְרָאפֶען דָאס הָאט זִיא גֶעוואוּסְט, דֶען וֶוען אִיהם זָאל עֶפֶּעס שְׁלֶעכְטְס גִישֶׁעהן וָואלְט מַאן דָאךְ דָאס בַּאלְד דָא הִיא גֶעוואוּסְט דוּרְךְ זַיינֶע עֶלְטֶערִין. אַלְזָא מוּז דָאךְ זַיין דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן זַיין שְׁווַייגֶען נָאר עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ. עֶר הָאט זִיא גֶעמוּזְט פֶּערְגֶעסֶען, עֶר הָאט גֶעמוּזְט גֶעפִינֶען אַנְ- אַנְדֶערֶע אַשֶׁענֶערֶע פוּן אִיהר. אוּנ דָער גֶעדַאנְק הָאט זִיא פָּשׁוּט נִיט גֶעלָאזְט לֶעבֶּען.

טוּדרוּס הָאט אוֹיף אִיהר וִויא מִיר הָאבֶּען עֶרְצֶעהְלְט שׁוֹין קַיין רַחֲמָנוּת גֶעהַאט. עֶר אִיז נָאר גֶעוָוארִין אוֹיף אִיהר אִין כַּעַס דֶערְפַאר וָואס צוּ לִיעבּ אִיהר אִיז עֶר שִׁיער אַרֶעקְרוּט גֶעוָוארִין. עֶר הָאט אַלֶע בְּרִיעף וָואס זַיינֶען צוּ אִיהם אָנְגֶעקוּמֶען פַאר מלכהן בַּאלְד אַוֶועקְגֶעטְרָאגִין צוּ רפאלן. אוּנ פוּן שלמהן זַיינֶען יעצט

גיווען דרייא מאהל אָוואך בריעף ווייל ער איז דאָרט אויך אונ־רוהיג גיוועזן דערפון וואס פון מלכהן איז קיין בריעף ניטא. האָט ער דארום געשאָטען מיט בריעף.

מיט וואס פאר אונגעדולד מלכה האט אַלע טאג ערוואַרטעט טודרוסן פיעלייכט טראָגט ער איהר אַבריעף, אָבער טודרוס האט זיך גאר צו איהר ניט געוויזען. אונ אַז זיא האָט איהם איינמאהל אויפגעזוכט אונ האָט איהם געפרעגט צו האָט ער ניט פאַר איהר קיין בריעף האָט ער גיענטפערט: וויא פערשטעהסטו ווען איך זאל האָבען פאר דיר אַבריעף וואָלט איך דאך איהם מסתמא באלד צו דיר געבראכט.

מיא קאן זיך פארשטעלען איהר איבעררַאשונג אַלס איינ־מאהל זיטצענדיג אין פענסטער האט זיא דערזעהן אַז טודרוס געהט צו זייא. דאס הערץ איז איהר שיער פון שמחה אונ פון ערוואַרטונג אַרויסגעשפרונגען. זיא האט זיך ניט געקאָנט איינ־האַלטען אונ איז איהם אַנטגעגען געלאָפען.

טודרוסקע מיין גאָלד דוא טראָגסט מיר אפשר אַבריף? — האָט זיא איהם געפרעגט.

קיין בריעף האָב איך ניט — האט ער קאַלט גיענטפערט— נאר איך האָב דיר געבראכט אַנ׳אַנדער נייעס.

וואס איז פאר נייעס? זאג געשווינד! — האָט זיא אונ־געדולדיג געזאָגט.

דוא האָסט זיך ניט וואס צו היילען. ווייל דאס איז ניט קיין גוטע זאַך.

ניט קיין גוטע? נוא דערצייל שאָן. — האָט זיא ערשראָקען געשריען.

איך בין ערשט גיוועזן ביא רבי רפאלן — נאָט ער גיזאָגט — איך האָב דאָרט איינגליך ציצית איין געמאכט אין דיא אַרבע כנפותן. האָב איך גיזעהען וויא עס איז געקומען אַבריף אונ אַז רפאל האָט איהם איבער גילייענט האט ער געזאגט מיט אַשמחה

צו זַיין וַוייב שרקהן, אונז קוּמט אַמָאל טוב בַּייא אונזער שלמהלען איז גיוועזן תְּנָאִים אונ ער בעט אונז אויף חַתוּנָה.

מלכהן איז פִינְקְטֶער גֶעוואָרֶען אין דיא אויגען, זיא האָט געפיהלט אַז אִיהר שְׁלֶעפְּט צו דער עֶרְד זיא האָט קיין וָואָרְט גיענטְפֶערְט, זיא האָט זיך קוים פערשְׁלֶעפְּט אין אִיהר צימֶער, ערשט דאָרט איז זיא געפאַלען אויף אִיהר בֶּעט אונ האָט זיך פון איין אַנְדֶער געוויינְט אויף אַלאַנגֶע צייט.

---

# ד.

## אַשְׁמְחָה אויף דיא צְדָקָנִיוֹתֶן

פון יָענעם טאג אָן וָואס מלכה האָט ערהערט דיא שְׁרֶעקְלִיכֶע נַאכְרִיכְט אַז אִיהר גֶעלִיבְּטֶער שלמהלע איז אַחָתָן גיוואָרִין פַאר איין אַנְדֶערֶער איז זיא ניט גיוועזן צו ערקענען. אִיהרֶע אויגען זַיינֶען אִיהר וויא איין גיגראבען אין קָאפְּף, אִיהר געזיכְט איז בְּלַאס אונ מָאגֶער גיוואָרֶען אין אַשַׁאטֶען פון פֶערְצְוַויפְלוּנְג איז אויף אִיהר אִיהר נַאנְצֶעס וועזען גילֶעגען. אונ דאָך איז זיא נאָך אַלְץ גיוועזן שַׁיין. עס האָט זָאגַאר אוים גֶעוויזֶען אַז אִיהר בְּלַאסְקַייט האָט אִיהר מֶעהר חֵן צו גיגעבען, זיא איז נאָך גיוועזן אַזוֹי בַייצֶענְד אַז רבי זכריה דער תַּלְמוּד תּוֹרָה מְלַמֵד וועלכער איז דעם יאהר איין אַלְמָן געבליבען האָט אַריין געשיקט אַשַׁדְכָן צו רבי יצחקן ער זאָל פַאר זַיין מלכהן פָארְלֵייגען דעם שִׁידוּך מִיט אִיהם.

רבי זכריה איז שָׁאן גיוועזן אַמַאן פון אַיָאהר פוּפְצִיג. אַיִיד מִיט אַוַוייסֶען בָּארְט אונ מִיט אַקְרוּמֶען רוּקֶען, אונ מִיט אַגְרָאבֶּע רויטֶע נָאז וָואס אונטֶער אִיהר איז אִימֶער גיוועזן אַנאנְצֶע בְּלָאטֶע פון דיא טַאבַּאק וָואס ער פְּלֶעגְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג נָאר אַהן אַיין אויפְהֶער שְׁמֶעקֶען. אַקְבְּצִין איז ער גיוועזן אין דְרַייא גָארִין אונ

האט נאך געהאט עטליכע קינדערליך נאקעטע און באָרפוסע דער צוא.

רבי יצחק האט גאר אנפאנגם פון דעם שידוך ניט געוואלט הערין: נאר דא האבען זיך אריינגעמישט עטליכע נכבדים פון די רעכטע גשים צדקניות וואס קאנען ניט ליידען אז איוד זיצט אהן אוייב, מיא האט אנגעהייבען איינצורעדען רבי יצחקן אז פאר זיין מלכהן איז דאס אגליק האבען אמאן אזא צדיק, וואס פאר איהם איז געווים אנגעגרייט אגילדערנע שטול אין גן עדן. און אויף דער זינדינגער וועלט איז אויך ניט צו פערזינדיגען איין איינעגן שטיבעל האט ער אציג אויך. און פערדינגען אויף ברייט מיט קרופניק פערדינט ער זאך אויך היינט וואס באדארף מען מעהר. איוד איז נאך קיין פריץ ער זאל זיך אנטאהן ווילטאג ביי איודען איז דאך דיא עולם הזה אלץ איינס נאר איין אבקומעניש איז דאך טאקי איין אמת גליק פאר אמיידעל וואס איז זוכה צו האבען אזא מאן.

מיא האט אזוי לאנג איינגערעדט רבי יצחק! ביז דער שידוך איז איהם גיפעלען געווארען. ער האט אפילו ביי מלכהן ניט אנגעהייבען צו פרעגען צו איז זיא צו פרידען מיט דעם שידוך: מיא האט געשריבען תנאים געבראכען טעפ און מיא האט אבגינגעבין דער כלה מזל טוב.

מלכה איז אפילו ניט געווען פון דיא מיידלאך וואס לאזין פיהרען וויא דיא בהמות צו דער שחיטה. זיא האט געהאט גענוג קראפט אוים צו פיהרען דאס וואס זיא וויל. נאר יעצט האט זיא גלייכגילטיג צו געקוקט וויא מיא שרייבט איהרע תנאים מיט דעם פלאסקעדריגע מיט דעם בלאטיגען אלטען יודען. עפעס האט זיך איהר אוים גיגעבען אז מיט דעם שידוך וועט זיא ראכע נעהמען פון דעם אונגעטרייען שלמהן זיא וועט איהם דאמיט ווייזען אז ער איז אמעררער ארוצח אז איבער איהם האט זיא זיך געלאזט קיילען, דעם קאפף אבהאקען.

גלַייכְגילְטִיג אִיז זִיא בַּייא דִיא תְּנָאִים גִיוָעסָען . אוּנ גְלַייכְגִילְטִיג אִיז זִיא אִין אַפָּאר וָואכֶען אַרוּם צוּ דָער חוּפָּה גֶענַאנגֶען מִיט רבי זכריה דָעם מְלַמֵד . דִיא נָשִׁים צִדְקָנִיּוֹת וָואס זַייא הָאבֶּען דָעם שִׁידוּךְ אוּים גֶעפִיהרְט הָאבְּען צוּא רִיקְגֵייעֶנְדִיג פוּן דָער חוּפָּה גֶעטַאנְצְט אוּנ גֶעפַּאטְשְׁט מִיט דִיא הֶענְד , רבי יצחק מִיט נרונה בתיהן הָאבִּין גָאט גֶעדַאנְקְט וָואס זַייא הָאבִּין זוֹכֶה גִיוָועןּ זַייעֶר טָאכְטֶער צוּ דָער חוּפָּה צוּ פִיהרֶען . אוּנ דִיא טָאכְטָער אַלַיין וָואס אִיז לִיבּ אִיהר אִיז דָאס גִיוָוען דִיא גַאנְצֶע גְדוּלָה זִיא וַואר מֶעהר מִיט אַלְם לֶעבֶּענְדִיג . אוּנ אַלְס זִיא אִיז זִיטְצֶענְדִיג בַּייא דָער גִילְדֶערְנֶער יוֹךְ גִיפַאלֶען אִין אוּנְמַאכְט הָאבֶּען דִיא וַוייבֶּער גִיזָאגְט . זִיא הָאט נֶעבַּאךְ נֶעהַאט אַשְׁוָוערִין תַּעֲנִית , אוּנ דָאס אִיז אַסִימָן אַז זִיא וֶועט הָאבֶּען אַגְרִינְג גוּט מַזָל . מִיט אִיהר וָועלִין זִיךְ אַלֶע וַוייבֶּער בֶּענְטְשֶׁען .

אַלֶע מְלַמְדִים פוּן עפּוּשקע הָאבֶּען שְׁטַארְק מְקַנֵא גִיוָוען רבי זכריהן וָואס עֶר אִיז פָּטוּר גֶעוָוארֶען פוּן זַיין אַלְטֶער בְּרוּדְנֶער וַוייבּ אוּנ הָאט בֶּעקוּמֶען אַזַא וַוייבֶּעטְשְׁקֶע ווִיא מלכה אִיז . זַייא הָאבֶּען אַלֶע גָאט גִיבֶּעטֶּען עֶר זָאל זַייא אוֹיךְ אַזַא נָם בֶּעוַוייזֶען אוּנ זָאל זַייא אוֹיךְ בֶּעגְלִיקֶען .

נָאר בַּאלְד נָאךְ דָער חֲתוּנָה הָאט מֶען עֶפֶּעס אָנְגֶעהַייבֶּען צוּ מוּרְמְלֶען אִין שְׁטֶעדְטִיל אַז רבי זכריה הָאט גֶעמַאסָערְט פַּאר דָעם רָב אַז זַיין נַייא וַוייבּ טוּהְט אִיהם אָן גְרוֹיסֶע צָרוֹת זִיא ווִיל אִיהם גָאר נִיט קֶענֶען אוּנ ווִיל אֲפִילוּ מִיט אִיהם נִיט רֵיידֶען . מִיא הָאט עֶרְצֵיילְט נָאךְ אַשְׁרֶעקְלִיכֶע עֲוֹלָה פוּן מלכהן אַז דָער רָב הָאט זִיא גֶעשִׁיקְט רוּפֶען הָאט זִיא גָאר צוּ אִיהם נִיט גִיוָואלְט גַיין .

אוּנ דִיא עפּוּשקער מְלַמְדִים הָאבֶּען אוֹיף גִיהֶערְט דָעם גְלִיקְלִיכֶען חָתָן מְקַנֵא צוּ זַיין , זַייא הָאבֶּען שׁאן זָאנַאר אוֹיפְגִיהֶערְט צוּ בֶּעטֶען דָעם טוֹיט אוֹיף זַייעֶרֶע וַוייבֶּער .

---

## ח.

## דאַרט אין אַדעס

אונ ווערענד מלכה האט דא אין עפושקע אונערטראגליכע יסורים אונ שמערצען געהאט איז אין אַדעסע שלמהלען אויך ניט בעסער געגאנגען, ער איז פאסט גיוועזן איסער זיך פון דעם וואס ער האט פון מלכהן קיין אַנטוואָרט אויף אַלע זיינע בריף, ער האט וויא מיר האבען שאן ערציילט געשאטען מיט בריף אבער עס איז גיוועזן וויא אין אבגרונד הערײַנגעוואָרפען ער האט קיין תשובה ניט אויף זיינע אלע תחנונים ניט געהאט.

ער האט ניט חושד גיוועזן מלכהן אז זיא האט פילייכט געפונען איין אנדער חתן. ערשטענס האט ער מלכהן גוט עֶרקאַנט אונ ער האט געוואוסט אַז זיא איז מיט אַשטאַרקען בעשלאָסענעם חאראַקטער. אונ זיא וועט איהם אויף קיין אַנדערין קיין מאהל פערביטען. צווייטענס איז ביא איהם קיין צווייפעל גיוועזן אַז קיין בעסערין חתן אַלס ער איז וועט דאס אָרעמע מיידכען געוויס ניט געפינען. ער האט נור מורא געהאט פאר איין זאך פילייכט איז זיא קראנק אדער בעהיטע גאט נאר געשטארבען.

צו וועמען זיך צו ווענדען מיט אַבריף אנפרעגין אין עפושקע וואס מאכט מלכה אונ וואס איז דיא אורזאכע וואס זיא שרייבט איהם ניט האט ער ניט געהאט, דען ער האט געוואוסט אַז ווען ער וועט זיך ווענדען מיט אַזעלכע פראגען צו איין עפושקער יודען וועט מען דאס באלד וויסען אין דעם גאנצען שטעדטיל אונ מלכה קאן דאפאן פיל ליידען.

ער איז אבער ענדליך געפאלען אויף אַפלאַן. אין אדעסע איז גיוועזן איין עפושקער יוד וואס פערקויפט עפפעל, דעם יודען האט ער גיבעטען ער זאל שרייבען אבריף צו רבי יצחק דעם שולקלעפער אונ זאל ריידען זיין טאכטער אַשידוך פון אַדעסע

(לונג אונ לעבער) ער

עֶר הָאט אִין דָעם בְּרִיף אַרַיינְגֶעלֵייגְט אַמַארְקֶע אוֹיף אַתְּשׁוּבָה אוּנ מִיא הָאט אִיהם אַוֶועק גֶעשִׁיקְט •

אִין צְוֵוייא וָואכֶען אַרוּם אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַיין עֶנְטְפֶער פוּן רבי יצחקן צוּ דָעם עֶפֶּעל סוחר, אַז זַיין טָאכְטֶער אִיז שׁוֹין אַכַּלָה אוּנ דִיא וָואךְ אִיז בַּייא אִיהר חֲתוּנָה מִיט רבי זכריה דָעם תַּלְמוּד תּוֹרָה מְלַמֵד •

דִיא נַאכְרִיכְט הָאט שלמהן גָאר דוּל גֶעמַאכְט. מלכה אִיז אַכַּלָה גֶעוָוארֶען פַאר רבי זכריה דָעם מְלַמֵד?״ דָאס הָאט זִיא נִיט גֶעקָאנְט טָאהן מִיט אַקְלָארֶען פֶערְשְׁטַאנְד • דַאצוּ דַארְף מֶען זַיין רֶעכְט מְשׁוּגָע •

עֶר הָאט זכריהן זֵייעֶר גוּט גֶעדֵיינְקְט, זַיין גְרָאבֶּע נָאז וָואס שְׁטֵייט אוֹיף אַבְּלָאטֶע אִיז אִיהם נָאךְ יֶעצְט אוֹיךְ פַאר דִיא אוֹיגֶען גֶעשְׁטַאנֶען, אִיהם אִיז אוֹיךְ בֶּעקָאנְט גִיוָוען זכריהס עֲשִׁירוּת זַיין פִּיהרוּנְג אוּנ זַיינֶע יָאהרֶען, זָאל מלכה פֶערְבַּייטֶען אִיהם שלמהן פַאר וֶועלְכֶען זִיא קָאן גְלִיקְלִיךְ זַיין, — אוֹיף אַזַא בְּלָאטִיגֶען טַייפֶעל? נַיין דָאס קָאן נִיט זַיין! דָאס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ!

אָבֶּער אַז אִיהר פָאטֶער אַלֵיין שְׁרַייבְּט דָאס אִיז דָאךְ דָאס נִיט קַיין לִיגֶען — הָאט עֶר צוּרִיק גֶעקְלֶעהְרְט — דֶען צוּ וָועלְכֶע צְוֶועק זָאל עֶר שְׁרַייבֶּען אַזַא לִיגֶען •

וָואס זְשֶׁע קָאן דָא אִין אֶמֶתִין זַיין פַאר אַיין אוּרְזַאכֶע וָואס זִיא הָאט גֶעטָאן אַשִׁידוּךְ?

וֶוענִין דָעם פִילֵייכְט הָאט מֶען מלכהן דַאצוּ גֶעצְווּאוּנְגֶען אִיז אִים אֲפִילוּ גָאר אִין גֶעדַאנְק נִיט גֶעקוּמֶען, וַוייל עֶר הָאט זִיכֶער גֶעוואוּסְט אַז זִיא אִיז נִיט אַזַא קִינְד וָואס וֶועט זִיךְ לַאזִין צְווִינְגֶען, הָאט זִיא דָאךְ דָאס גֶעטָאהן מִיט דָעם אַיינֶענֶעם ווִילֶען, אוּנ דָאס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ סַיידֶען זִיא אִיז אַיינְפַאךְ וַואהנְזִינִיג גֶעוָוארִין •

דֶער קָאפְּף הָאט זִיךְ שִׁיעֶר אִיהם צוּבְּרָאכִין קְלֶערֶענְדִיג

(לונג אונ לעבער) 

װעגין דער זאנדערבארער זאך, ער האט נאך אמאהל אװעק געשריבען אבריף צוא מלכהן אין װעלכין ער האט זיא אנגיפרעגט צוא דאס איז אמת אז זיא האט חתונה מיט זכריה דעם מלמד, אבער אויך אויף דעם בריף האט ער קיין אנטװארט געהאט.

דא מוז זיין זעהער איין איינגפאכע געשיכטע — האט ער ענדליך געקלערט — מלכה איז דאך זעהער אפרומע אונ אקליינ-שטעטילדיגע, עס קאן זעהער זיין אז זיא האט זיך באטעכינט אז זיא װעט איהר עולם הבא פארלירען װען זיא װעט חתונה האבין מיט אזא דייטשען װיא איך בין דאריבער האט זיא װאס צום גיכסטען געחאפט אונ האט געטאהן דעם ערשטען שידוך װאס מיא האט איהר גירעדט, האטש מיט זכריה דעם מלמד.

אונ ער האט שוין גאנצליך אויפגיהערט צוא איהר צוא שרייבען. ער האט זיך זאגאר בעשלאסען מעהר װעגין איהר ניט צוא דענקען, אבער ער האט דאס ניט אויסגעפיהרט געגען זיין װילען האט מלכהס שאנעס געזיכט איבער געגען זיינע אויגין געשװעבט, אונ ער האט אנגעהייבין צוא פיהלען אז ער װעט זיא קיין מאהל פארגעסין.

---

## ט.

## דיא שרעקליכע צערעמאניע.

איאהר איז איבער געגאנגען פון דעם טאג װאס מלכה האט חתונה געהאט.

דאס איז שוין ניט דיא מלכה װאס עס איז גיװען, עס איז נאר װיא אשאטען פון איהר געבליבען. פון איהר שיינקייט איז כמעט קיין זכר געבליבען. אנשטאט דיא לאנגע שװארצע האר װעלכע האבין איהר שאנער פיגור אהימלישען רייץ גיגעבין איז יעצט אשמוטציגע טיכעל װעלכעס פערדעקט איהר אב-

(לונג אונ לעבער) נעגאלטין

גענאָלטען קאָפּף, דען זיא איז דאָך אַיין אשת איש געוואָרין, אונ אין יענע צייטען האָט מען באַלד נאָך דער חופּה דעם קאָפּף אָבגעגאָלט, דאס פּנים איז גיוועזן נור הויט אונ ביינער, פון איהר געזונדען דיקען קערפּער איז אויך נור וויא אַהויפען ביינער געבליבען.

זיא איז ווייטער ביי איהרע עלטערין אין הויז, דען נאָך אין דעם גאָלדענעם חודש וואס זיא האָט חתונה געהאַט האָט זיא פון איהר פערשימעלטען בלאָטיגען מאן אָבגעטראָטין אונ דיא עלטערין האָבין אוים מיטלייד זיא צוגענומען צוא זיך. אין דעם יאָהר איז רבי יצחק געשטאָרבין אונ דיא אונגליקליכע מלכה האָט געקאָנט איהר יאָמערפאָלעס הערץ אויסגיסען געבען איהר פּאָטערס לייבע.

זיא מיט דער מוטער האָבין זיך יעצט ערנאָהרט פון דעם ביסעל דירה געלד, דען אַלע צימער פון רבי יצחקס הויז וואַרען יעצט אָנגעשטאָפּט מיט שכנים אונ מלכה מיט דער מוטער האָבין געוואָהנט אין דעם קליינעם צימעריל וואס האָט געדינט סכות פאַר אַסוכה פאַר דיא אַלע שכנים. דיא אונגליקליכע האָט מיט קיינעם גירעט, זיא איז גאַנצע טעג וויא שטום גיזעסין פאַרשפּאַרט אין איהר חדריל אונ האָט דאָרט געאַרבייט זאָקען, געפּליקט פעדערין. דיא אַלע שכנים פלעגין זיא מיט קיין אַנדער נאָמען רופען נאָר משוגענע.

זיא וואַר אַזוא אָבגעזאָנדערט פון דער וועלט אַז זיא האָט גאָר ניט גיהערט וויא ביי איהר אין שטוב האָט מען ווייטער אָנגעהייבען צוא ריידען וועגין דעם דייטשען שלמהלען רבי רפאלס זון וואס איז אַראָפּ געקומען אויף ימים טובים אַהער צו זיין טאַטען. מיא האָט ווייטער ערצעהלט פון זיינע נויעשע קליידער פון זיינע אָבגעשירענע פּאות, יעצט האָט מען נאָך צוגעגעבין נאָך אַמעלה אַז ער גאָלט דעם באָרד אויך.

עס וואַר דרייא טעג פאַר ראש השנה אין דער פריה אוהר אַכט. דיא אַלע שכנים מיט דיא שכנות פון רבי יצחקס הויז

(לוגנ אונ לעבער) וועלכע

װעלכע זײַנען אױפגעשטאַנען צוא סליחות זײַנען נאך געװען אין שול אױסער מלכה איז געװעסן אין דער הײם אונ האט אױפין קול געלעזין אַתּחינה. זיא האט דאס געזונגען מיט דעם ניגון װאס מיא באקלאגט אונ האט דאבײא טרערין װיא װאסער פערגאסען, זיא האט אבער באלד אױפגיהערט צוא לעזען, דען זיא האט ערהערט װיא יעמאנד דרעהט זיך אַרום אין קיך.

זיא האט אַװעק געלײגט דיא תּחינה אונ האט גיעפינט דיא טיהר אַ ביסעל אױף. זיא האט געמײנט אַז דער מענטש האט אױפגעמאַכט דיא טיהר. זיא האט דעם מענטשין װאס שטעהט אין קיך האבין אין איהר אַלע נערפען אָנגעהױבן צוא ציטערין אונ זיא האט זיך אָנגעהאלטען אָן דער טיהר זיא זאל ניט פאלען.

דיא לעזער פארשטעהען געװיס אַז דאס איז געװען שלמה, ער האט אומיסטען אױסגעקליבען אַזאַ צײַט װײל ער האט געװאוסט אַז יעצט זײַנען אַלע אין שול. אַלס ער האט דערזעהן מלכהן האט ער זיא ניט ערקאנט אונ האט גיפרעגט צוא גרונה בתיה איז אין דערהײם?

מלכה איז אַביסעל צוא זיך געקומען אונ האט מיט אַציטערינדע שטימע גיענטפערט: װאס באדארפט איהר גרונה בתיהן איהר װילט איהר אפשר דערצײלען אַז איהר זענט דער מלאך המות פון איהר טאכטער.

אין דער שטימע האט שלמה זיא ערקענט, ער איז אַזױ געל געװארין אױס שרעק. ער האט אױסגעגלאצט אױף איהר אַפּאר גרױסע אױגען אונ האט שטאמלענד געזאגט: מײן גאט! איז דאס מעגליך, דאס ביזט דוא מלכה?

דוא דערקאנסט מיך ניט? — האט שױן מלכה שטארקער געזאגט — דוא דערקענסט ניט דעם קרבן װאס דוא האסט מקריב געװען פאר דײַן פאלשקײט. קוק אױף מיר דוא רוצח! זעה צוא װאס פאר אַלאנגע דוא האסט מיך געבראכט. דוא קאנסט זיך בעריהמען אַז דוא אַלײן האסט מיט עטליכע גוטע װערטער פון אַיונגען מענטשין געמאכט אַהױפין בײנער.

(לונג אונ לעבער) . איך

איך ? — האט שלמה גיענטפערט אונ טרע[...]
אנגעהייבן צוא גיסען פון זיינע אויגן אוים מיטלייד — [...]
דיר פאלש גיוועזן, פאר וואס האסטו פלוצלונג מיר אויפגיהערט
צוא ענטפערין אויף מיינע בריף אונ האסט חתונה געהאט מיט
אזא שד וויא זכריה איז .

דאס וואס איך באדארף ריידען רעדסט דוא — האט זיא
געזאגט — ניט דוא האסט אויפגיהערט פלוצים מיר צוא שרייבען,
אונ אויף אלע מיינע בריף האסטו מיר ניט גיענטפערט אונ צום
סוף האסטו אריינגעשריבען אבריף צוא דיין טאטען אז דוא ביזט
אחתן געוואורין .

דא האט אנגעהייבן שלמה צו פארשטעהן אז זיין פאטער
האט געמוזט ערפאהרען פון זיין קארעספאנדענציע מיט מלכהן
אונ ער האט דא עפעס אשפיטצעל אבגעטאהן .

ער האט אנגעהייבן פאר מלכהן צוא שווערין אז ער איז
איהר געטרייא געבליבען ביז היינטיגען טאג אונ אז ער האט
איהר דרייא פיר בריף יעדע וואך געשריבען, אונ האט איהר
ענדליך ערקלערט אז דא האט זיין פאטער געמוזט אלע איהרע
אונ זיינע בריף איבער געהאפען .

זיא האט פארשטאנען אז דאס איז אמת אז ער איז ניט
שולדיג, אונ וויא יעמאנד זאל זיא אשטיים טאן אויף אים איז
זיא אים אום דעם האלז געפאלין, אונ ניט וויסענדיג וואס זיא
טוט האט זיא אים אנגעהייבן צוא קושען אונ צוא האלזען,
אונ האט דאבייא מיט אמשונה ויינענדיגען קול געשריגען
שלמהלע מיין טהייערער שלמהלע ראטעווע מיך !

אשת אישניצע ! הולטאיקע וואס טוהסטו ! — האט זיך
פלוצים ערהערט איינע שטימען .

דאס זיינען גיוועזן צווייא שכנות וואס זיינען צוריק געקומען
פון שול אונ האבין געטראפין אין קיך דיא סצענע וויא מלכה
דיא אשת איש האט אזוא געקושט דעם דייטשען דעם אפיקורס .

שלמה האט זיך געפרופט מלכהן פארענטפערין, אבער דיא

(לונג אונ לעבער)                    צדקניותין

...אבין אים אָנגָעהֵייבּין צוא וַוארְפִין דיא טֶעפְלַאךְ אין ...א דָאס ער הָאט זִיךְ קוים פוּן דָארְט אַרוֹיס גֶעהַאפְּט, ...ערְוַויִיל זַיינֶען אָנְגֶעקוּמֶען דיא איבֶּערִינֶע שְׁכֵנוֹת עֶס אִיז גֶעוָוארִין אַרַעש אַנֶעטוּמֶעל אוּנ זַייא הָאבִּין דָער אוּנְגְלִיקְלִיכֶער מלכהן צוּם רָב גִישְׁלֶעפְּט; מִיא הָאט אים עָרְצֶעהלְט אַז מִיא הָאט זִיא גֶעהַאפְּט מִיט רפאלם זָאהן דָעם דַייטְשֶׁעל קוֹמֶענְדִיג פוּן סְלִיחוֹת.

דָער רָב הָאט דִיא חֲצוּפָה גֶעהֵייסִין פַארְשְׁפַּארִין דָערְוַוייל אִין קָהָל שְׁטִיבֶּעל. בַּייא נַאכְט אִיז גִיוֶועְן אַיין אֲסִיפָה אוּנ עֶס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען מִיא זָאל זִיא פִיהָרֶען מִיט אַלוּנְג אוּנ לֶעבֶּער אוֹיף דָעם הַאלְז אוּנ מִיט אַפּוֹיק אִיבֶּער דָער גַאנְצֶער שְׁטָאדט.

אוּנ איך הָאבּ מִיט מַיינֶע אוֹיגִין גִיזֶעהָען דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע צֶערֶעמָאנְיֶע. מלכהס שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעזִיכְט אִין דָער צַייט וֶוען מִיא הָאט זִיא אַזוֹא גֶעפִיהְרְט שְׁטֶעהט מִיר נָאךְ הַיינְט אוֹיךְ פַאר דִיא אוֹיגִין אוּנ דִיא בַּיינֶער שוֹידָערִין אִין מִיר אַלְס אִיךְ דָערְמַאן מִיךְ אָן אִיהר.

וָואס נָאךְ דָעם אִיז מִיט אִיר גֶעוָוארִין וַוייס אִיךְ נִיט, אִיךְ וַוייס נָאר דָאס אַז מִיא הָאט עָרְצֶעהלְט אַז זִיא אִיז גֶעטוֹיפְט גֶעוָוארִין אוּנ הָאט אַמָאהל רבי רפאלן דָעם בָּארְד אוֹיסְגֶעְרִיסֶען. אִיךְ וַוייס דָאס אוֹיךְ אַז שלמהלע הָאט גֶעמַאסְרְט אוּנְזֶער קָהָל אוּנ אוּנְזֶער שְׁטֶעדְטִיל אִיז דַאמָאלְס בְּדַלוּת גֶעוָוארִין פוּן דִי מְסִירוֹת.



טוֹרְנוֹר.

(לונג אונ לעבער)